ספר

# תורת החנוך

אגרינדליכע וויסענשאפטליכע ערקלעהרונג וועגען אלעס

וואס בעלאנגט צוא קינדער ערציהונג ביי אידען.

פון דעם שטאנדפונקט פון תלמוד און

מדרש. זעהר וויכטיג פיר אלע

קלאסען אידען ספעציעל

פיר עלטערען און

לעהרער.

— פערפאסט פון —

## הרב החכם המצוין רבי משה יפה.

נויארק תר"עב





בדפוס א. ה. ראזענבערג, 164 הענרי סטריט, נויארק.

ספר

# תורת החנוך

אגרינדליכע וויסענשאפטליכע ערקלעהרונג וועגען אלעס

וואס בעלאנגט צוא קינדער ערציהונג ביי אידען.

פון דעם שטאנדפונקט פון תלמוד און

מדרש. זעהר וויכטיג פיר אלע

קלאססען אידען ספעציעל

פיר עלטערען און

לעהרער.

— פערפאסט פון —

## הרב החכם המצוין רבי משה יפה.

נויארק תרע"ב

בדפוס א. ה. ראזענבערג, 164 הענרי סטריט, נויארק.

# הקדמה

כבר נהגו המחברים הקדמונים, מחברי ספרי הלכה ודרוש וספרי מוסר, להתנצל בראש ספרם מה ראו על ככה להוסיף ספר חדש על הספרים הרבים שקדמוהו? המחברים הקדמונים ז״ל, שהיו יראי אלקים באמת מלאים חכמה ושלמים במדות ומוסר, היו גם כן ענוים גדולים, וכל אחד מצא לנחוץ להתנצל לפני קהל הקוראים מדוע הוא בא להוציא לאור עולם ספר חדש בה בשעה שישנם ספרים במספר גדול מאוד שנתחברו מגאונים גדולים, צדיקים, וחכמים מצוינים, ומה יוכל הוא, עני בדעת, להוסיף על דברי הגדולים והקדושים באמת שקדמוהו? ולפי רוב גדולת תורתם וקדושתם כן היתה ענותנותם, לא כן אנכי עמרי, אינני לא גאון ולא גדול, לא בתורה ולא בחכמה, ידעתי שאינני יודע, ולא נאה לי גם התנצלות, מי יוכל לטעות ולאמר כי אנכי בספרי זה באתי לגלות חדשות ומצפונות? או להגיד דבר שלא ידוע לאיש, אינני מביע מצפונות, אינני מורה דרך, אינני מורה הלכה או מחדש חדושים בתורה בחבורי זה, ואינני מוציא מדעתי כלום, הנני רק חורז פנינים ומרגליות שבים התלמוד והמדרשים והילקוטים השונים, כל דבריהם הקדושים והמחוכמים של חכמינו העתיקים ז״ל. כל מה שאמרו ברוח קדשם על דבר החנוך בישראל הנני מסדרם בסדר נכון, למען ימצא הקורא על נקלה כל מה שרוצה לדעת מה שדברו חכמינו ע״ד החנוך. הענין שאנכי מטפל בו בספרי זה, הוא בלי שום ספק ענין רב הערך וגדול מאד, חנוך טוב, וחנוך רע הוא מהדברים הבונים את האומה והמחריבים אותה, וביותר

צריך האב לדעת את חובתו, חובת חנוך הבנים ויעשנה, וכמאמרם ז״ל, צריך אדם להכניס בנו בתורה ולחנכו בלמוד, שיאריך ימים בעולם שנאמר כי בי ירבו ימיך (מ״ר שה״ש) ואמרו עוד ולמדתם את בניכם, מכאן אמרו כשהתינוק מתחיל לדבר אביו מדבר עמו לשה״ק ומלמדו תורה ואם אין מדבר עמו לשה״ק ואין מלמדו תורה ראוי כאילו קברו שנאמר ולמדתם וכו׳ אם למדתם ירבו ימיכם וימי בניכם (ספרי עקב, וילקוט קדושים) ובשביל נחיצותו וקדושתו של הענין הקדוש והגדול הזה, ענין החנוך, מצאתי לי לחוב קדוש להדפיסו דוקא בשפה מובנת לכל, שגם הע״ה והנשים וכל מי שאיננו מבין היטיב את שפת הקודש יכול ללמוד ולהבין מה שכתוב בו, לדעת דעותיהם של הכמינו ז״ל בכל דבר הנוגע לחנוך וליחס האבות והבנים ובזה אמנם התנצלותי על שאני מדפיסו בזשרגון ולא בלה״ק, והנני חושב כי די בזה לקורא ומבקר מבין המחפש את האמת.

וה׳ הטוב ירים את קרן התורה והיהדות ולעורר לבותיהן של ישראל לאביהם שבשמים לתשובה מאהבה ולקרב קץ הגאולה ושנזכה במהרה בימינו לנחמת ציון וירושלים, אמן.

המחבר.

# דיא פפליכט פון לעהרנען מיט דיא יונגע קינדער.

---

דיא אלטע אידישע חכמים האבען גוט פערשטאנען דיא נאטהווענדינקייט פון לעהרנען די אידישע וויםענשאפט, דיא תורה, מיט דיא יונגע אידישע קינדער. "לא עם הארץ חסיד" אום צוא זיין א ווארעמער איבערגעגעבענער איד, א איד מיט א ווארעמע אידישע נשמה, מיט א ברען, מיט פייער, א איד מיט מסירת נפש וועלכער זאל באזיצען דיא קראפט צוא אפפערען זיך ביז דעם לעצטען טראפען בלוט פאר דעם יודענ־טהום, אזא איד קען זיין נור דער יעניגער וועלכער פערשטעהט גוט, טיעף דעם יודענטהום, מען קען ניט ווערען בעגייסטערט ענטהוזיאסטיש פון אזאך וועלכע מען פערשטעהט ניט, אום צוא פערשטעהען יודענטהום, מוז מען פיעל לעהרנען, שטו־דירען, תורת ישראל, דיא הייליגע און קלוגע אידישע תורה, ווען אונזערע קינדער ווערען ערצויגען אהן דער תורה, אויב זייא וועלען אויס וואקסען אונוויסענדע, פראסטאקעס, עמי הארץ, דאן זיינען מיר מיט זייא ניט זיכער, דער לעבען, דיא אומשטענדען, דיא רייד פון דיא היינטיגע הפקר יונגען, קען אויף זייא ווירקען, קען צוא שטערען אין גאנצען זייער אמונה, זייערע אלטע אין הייליגע טראדיציאנען, ודע מה שתשיב לאפיקורס, מען דארף וויסען, לעהרנען, און פערשטע־הען וואס יודענטהום איז, און טאקע דערפאר האבען אונזע־רע אלטע חכמים וועלכע האבען אלעס גרינדליך פערשטאנען

אויפסערקזאם געמאכט אונז אויף דיא הייליגע פפליכט פון לערנען תורה מיט אונזערע יונגע קינדער, און זייא האבען דערפאר זעהער געשעצט און געאכט דעם יעניגען וועלכער וויד-מעט זיין לעבען אויף צוא לעהרנען מיט אידישע קינדער.

דער מלמד, וועלכער ווערט לײדער, ביי אונז אידען זעהער ערנידעריגט, ער קריגט נים בעצאהלט פיר זיין מיהע, איבערהויפט היער אין אמעריקא וואו אלע מאכען א אנשטענ-דיגען לעבען, נור דער אידישער מלמד, וועלכער איז פיר אונז אזוי וויכטיג וואס דער מאראלישער שיקזאל פון דעם גאנ-צען צוקינפטיגען אידישען פאלק, דער דור יבא, ליגט אין זיינע הענד, און דער פאר צאהלט מען איהם מיט קווארטערס, פערבייסענדיג מיט חרפות ובזיונות, דער מלמד ווערט אבער הויך געשטעלט אין רעספעקטירט בייא דיא אידישע אלטע חכמים ז״ל, זייא דריקען זיך אויס אז גאט אליין איז א מלמד, אלע טאג אין א בעשטימטע צייט לערנט ער מיט דיא חדר קינדער תורה [ע״ז דף ג׳] זייא האבען וואהרשיינליך דערמיט געמיינט צוא ערקלעהרען אונז וויא וויכטיג עס איז דיא הייליגע ארבייט פון דעם אידישען מלמד וועלכער פלאנצט איין דיא הייליגע פרינציפען פון דער תורה אין דיא יונגע אידישע הער-צער, און אום צוא ווייזען אונז וויא ליעב דיא תורה דארף זיין בײם פאלק זאגען זייא אז זאגאר ווען דאס קינד איז נאך בייא דער מוטער אין בויך קומט אהין א מלמד, א מלאך און לערינט מיט איהם גאנץ תורה (מס׳ נידה דף ל׳) און נאך שארפער האבען זייא זיך אויסגעדריקט, זייא זאגען אזוי; דער עקזיסטענץ, דער גאנצער קיום פון דער וועלט, איז נור דורך דעם וואס יונגע קינדער זיצען און לערנען, ווען אונזערע יונגע קינדער וועלען ח״ו אויפהערען לעהרנען אזוי מוז בא-הימע גאט, אונטערגעהן דער גאנצער פאלק, (אין העולם

מתקיים אלא בהבל פיהם של תינוקות של בית רבן, (שבת קי"ט) און זאגאר דיא תורה פון רב פפא מיט אביי שטעהט ניט אזוי הויך וויא דיא תורה פון דיא יונגע אונשולדיגע קינדער (דידי ודידך מאי? אין דומה הבל שאין בו חטא להבל שיש בו חטא, (שם).

זעהר א העררליכען רייכען בילד שטעלט אונז פאר דער מדרש, בעת מען האט געדארפט אידען דיא תורה געבען, זאגט צוא זייא גאט איך וועל אייך געבען דיא תורה, נאר איך פערלאנג איר זאלט מיר ברייננען ערבים וועלכע זאלען גאראנטירען פיר אייך אז איר וועט ערהיטען דיא תורה—דוא ווילסט ערבים? האבען אידען געפרעגט—מיר גיבען דיר דיא בעסטע ערבים וואס קען נור געבען, דיא אבות אליין, אברהם יצחק ויעקב, זייא וועלען דיר גאראנטירען פיר אונז דאס מיר וועלען "גאטוניע" דיין תורה היטען, וויא ענטציקט און איבער־ראשט דיא אידען זענען געווארען ווען זייא האבען באקומען אזא ענטפער, דיא אבות? ניין! זייא קענען ניט גאראנטירען פיר אייך, גיט מיר בעסערע ערבים!... און דיא אידען שריי־ען אוים; דיא נביאים! אט זייא וועלען פיר אונז גאראנטי־רען, דיא נביאים וועלכע האבען זיך געאפפערט פארען אמת, דיא נביאים, אט דיא גרויסע היילינגע אידען, דיא טרעגער פון אמת, יושר, גאטהייט, זייא וועלען אונזערע ערבים זיין, און דיא געטליכע שטימע דונערט; דיא נביאים טויגען אויך ניט, ניט אלע נביאים זיינען אמת'ע געוועזן, עס איז דאך געוועזען ביי אי־דען אויך פאלשע נביאים, דיא נביאי השקר· ניין, גיט מיר גוטע ערבים דאן וועל איך אייך מיין תורה געבען, און אידען פרובען דעם לעצטען מאל, זייא זאגען; אונזערע קינדער וועלען גא־ראנטירען פיר אונז דאס מיר וועלען דיין תורה היטען, דיא קינדער? פרעגט גאט, א! פראכטפאל! זייער גאראנטיע

נעדם איך אן מיט פערגעניגען, און טאקי נור צוא ליעב זייא גיב איך אייך, אידען מיין תורה, און דער מדרש זאגט ווייטער; "ווען איינער לייהט געלד, אין שטעלט פיר זיך א ערב, ווען עס קומט דיא צייט פון צאהלען, דעקען דיא שולדען, און ער וויל ניט באצאהלען, דאן ווערט ארעסטעט דער ערב, וועלכער האט גאראנטירט פיר איהם, דאס גלייבען ווען אידען לעהרנען קיין תורה ניט, נעהמט זיך גאט צוא דיא קליינע קינדער, דיא ערבים, זייא, דיא יונגע קינדער, געהען פריהצייטיג פון דער וועלט אוועק פיר דיא שולד און דיא פערנאכלעסיגקייט פון דיא עלטערען, און דער פאר מוזען זעהען דיא עלטערען מיט אלע מעגליכקייטען צוא ערציהען זייערע קינדער אין א אידישע ערציהונג, זייא זאלען דיא אידישע תורה לעהרנען, אום זייא זאלען "מאריך ימים" זיין (מ״ר שה״ש ועוד)—רבי יוחנן זאגט, זעה וויא גאט האט ליעב דיא אידישע קינדער וועלכע האלטען ביי לעהרנען, ווען דיא סנהדרין זענען פערטריבען געווארען אין גלות, איז דיא שכינה ניט פערטריבען געווארען, וויא נאר דיא קליינע קינדער זענען פערטריבען גיווארען אזוי האט באלד דיא שכינה מיט זייא צוא זאמען גימואווט (מדרש איכה פ״א).

זעהר א אינטערעסאנטע ערצעהלונג דערצעהלען אונז דיא חז״ל. רבי, איינער פון דיא וויכטיגסטע פערזאנען וואס אידען האבען ווען פערמאגט, דער פערפאסער פון דיא זעקס סדרים משניות האט ארוים געשיקט איבער ארץ ישראל דרייא בעוואוסטע פערזאנען ר׳ חייא, רב אסי, רב אמי, מיט דעם צוועק צוא גרינדען אין אלע שטעדט וואו זייא וועלען באזיבען חדרים וואו מלמדים זאלען אונטערריכטען דיא קינדער אין דער אידישער תורה, קומענדיג אין איין שטאדט האבען זייא קיין מלמדים אין שטאדט ניט געפונען, דאן האבען זייא

פערדופען צוא זיך דיא פארשטעהער פון שטאדט אין האבען זייא געבעטען, שיקט אונז דיא וואס היטען דיא שטאדט, דיא פארשטעהער האבען זייא צוא געשיקט דיא וואטשליים פון שטאדט, גאנץ פראסטע אונוויסענדע יונגען, דיא לייטע היטען דען דיא שטאדט?—האבען זייא צוא דיא פארשטעהער גע-זאגט—דיא מאכען חרוב דיא שטאדט?—ווער דען היט דיא שטאדט? פרעגען דיא פארשטעהער, און דיא אידישע חכמים ערקלעה-רען; דיא מלמדים, וועלכע לעהרנען מיט דיא אידישע קינ-דער, זייא, נאר זייא, היטען דיא שטאדט פון אלע צרות און פון אלע אומגליקען (ירושלמי פ״ק דחגיגה, ומ״ר איכה פתיחתא) און דיא אידישע חכמים דריקען זיך אזוי אויס; ווען דוא זעהסט רואינירטע שטעדט בייא אידען, זאלסטו וויסען, אז דאס איז דערפאר ווייל דיא מלמדים זייערע זיינען רואינירט, מען שטיצט זייא ניט (שם).

א געבילדעטער איד, א תלמיד חכם טאר ניט וואהנען אין אזא שטאט וועלכע פערמאגט ניט קיין מלמדים (סנהדרין י״ז) א שטאדט וועלכע האט קיין מלמדים ניט דארף מען איהר אין גאנצען פערניכטען (שבת קי״ט) דיא אידישע מלמדים הא-בען זייא געגעבען דעם שעהנסטען טיטעל "מצדיקי הרבים" (ב״ב ח׳) זייא האבען זייא געגליכען צוא שעהנע פערגעניגענדע פארקס ארום קלאהרע טייכען (תדב״א פכ״א, שהש״ר פ״א, ויק״ר פ״ט שבת, קי״ט, שהש״ר פ״ז) דיא שוהלען דיא ישיבות וואו עס ווערט געלעהרנט תורה האבען זייא גערופען "דיא פלעזשור דיא פער-געניגענס פלעצער" (ב״ר פס״ב, שהש״ר פ״ו).

דיא פארצייטיגע אידישע חכמים, האבען אזוי ליעב גע-האט דיא אידישע תורה, דאס אום צוא לעהרנען תורה פלע-גען זייא דעם לעבען שטעלען אין געפאהר, אבי צוא קענען לעהרנען (פסחים קי״ב) און זייא דערצעהלען אונז א מערקוויר-

דינע אינטערעסאנטע ערצעהלונג; אלע נאציאנען האבען געשיקט דעלעגאטען צום גרויסען אידען פרעסער בלעם, בעראטהען זיך מיט איהם וויא אזוי ווערט מען פטור אין גאנצען פון דיא אידען? וויא אזוי קען מען זייא באקעמפפען? און בלעם גיט זייא אזא עצה; געהט בעזוכט זייערע שוהלען און בתי מדרשים, ווען איהר זעהט אז עס זיצען דארט יונגע קינדער און מיט זייערע יונגע שטימעלעך לעהרנען זייא זייער תורה, דאן פאנגט זיך בעסער ניט אן מיט זייא, איר ווערט געוויס פערשפיעלען, ווען אבער איהר וועט זעהען פוסטע שוהלען, פוסטע בתי מדרשים, מען הערט ניט, מען זעהט ניט יונגע קינדער זאלען דיא תורה לערנען דאן זייט איהר זיכער דאס איהר וועט האבען אן ערפאלג אין אייער קאמפף מיט זייא... א פאלק וואס זיינע קינדער, דער צוקינפטיגער דור לעהרענט ניט זיין תורה, אזא פאלק קען ניט שטעהען אין קאמפף, אזא פאלק מוז אפטרעטען איהר ארט פיר פעלקער וועלכע האבען קינדער וואס לעהרנען און שטודירען זייערע תורות... בלעם איז געוועזען קלוג און צוא אונזער טיעפסטען וועהטאג, מוזען מיר צוא זעהען וויא זיין עצה ווערט פראקטיצירט צווישען אידען בייא היינטיגע צייטען!...

דיא אלטע חכמים האבען שרעקליך געטאדעלט דיא יעניגע וועלכע קענען אליין און ווילען דעם צווייטען ניט לעהרנען (סנהדרין נ״ט) און אין געגענטהייל, דיא וועלכע לעהרנען דעם צווייטען האבען זייא זייער הויך געשעטצט (תוס׳ כ״ד יבמות ס״ג) זייא דערצעהלען אונז פון דעם לעבען פון רבי יוחנן, 120 יאהר האט ר׳ יוחנן געלעבט, 40 יאהר האט ער ביזנעס געטהאן, 40 יאהר האט ער אליין געלעהרענט און דיא לעצטע 40 יאהר האט ער געהאלטען אין לעהרנען מיט אנדערע (סנהדרין מ״א, ר״ה ל״א) רבי חייא האט אמאל צוא רבי

חנינא געזאגט; מיט מיר שפארסטו זיך? ווען ניט איך וואלט שוין לאנג דיא תורה פערגעסען געווארען בייא אידען! ווייסטו אבער וואס איך האב געטהאן? איך פלעג כאפען א הירש, נעהמען זיין פעל, פלעג אן שרייבען דיא תורה, און פלעג קומען אין שטאדט וואו קיין מלמדים זיינען ניוועזן, פלעג אויס לעהרנען דיא 5 טהייל פון דער תורה צוא 5 קינדער און דיא 6 סדרים משניות צוא 6 קינדער, יעדערען א בעזונדער טהייל, א בעזונדער סדר, נאכהער פלעג איך זעהען אז יעדער תלמיד זאל לעהרנען מיט דעם צווייטען דעם טהייל, דעם סדר וואס ער ווייס, און ממילא פלעגען זייא ווערען קלאהר אין גאנץ תורה און אין אלע זעקס סדרים משניות, און ווען רבינו הקדוש האט דאס דערהערט האט ער אויס געשריען אך! וויא גרויס זייא הייליג און וויכטיג איז דאס וואס מיין תלמיד חייא טהוט אויף... (כתובות ק״ג).

דיא גמרא דערצעהלט דאס רבי חייא בר אבא פלעגט ניט עסען קיין ברעקפעסט וואו ער האט עפעס ניט געלעהרינט מיט'ן קינד בעפאר. רבה בר רב הונא האט קיין מאל ניט געוואגט נעהמען עסען בעפאר ער האט אליין דאס קינד אין שוהלע געפיהרט. [שם].

דער יעניגער וועלכער וויל ניט לעהרנען מיט קליינע קינדער איז גאר קיין מענש ניט, איהם ארט ניט פיר דיא צוקונפט פון זיין פאלק און דיא קינדער אין דער מאמעס בויך שילטען איהם (סנהדרין נ״ה) דער וואס לעהרינט אליין און לעהרינט ניט דעם צווייטען איז גלייך וויא א שמעקענדער בוים וועלכער שטעהט אבער אין דער וויסטענעס, וואו קיין מענשען זיינען ניטא, ווער האט פון איהם נוצען?... (ר״ס כ״ג).

דיא תלמידים דארפען זיין ליעב און טהייער בייא זייער רבי, ער דארף זייא בעהאנדלען וויא א פאטער בעהאנדעלט

איינענע קינדער, און דיא תלמידים רופען זיך טאקי קינדער (סנהדרין י"ט ע"ט) און אז דיא תלמידים האבען דעם נאמען "קינ-דער" זא ווערט דער געטרייער גוטער רבי גערופען מיט דעם נאמען "פאטער" (ספרי ואתחנן ל"ד).



# דיא אידישע פאלקס-שוהלען.

איז בייא אידען אמאל געווען פאלקס שוהלען, אדער וויא אין אמעריקא רופט מען דאס פאבליק סקוהלס? און אז יא, ווער איז געווען דער גרינדער פון זייא? איין מענש אדער פיעלייכט דאס פאלק אליין האט זייא געגרינדעט? וויא איז דארט געווען דער סדר הלמוד? דיא סיסטעם? אויף דיא אלע פראגען גיט אונז דער תלמוד א פאלשטענדיגע ערקלעהרונג. דיא גמרא זאגט אזוי; צום אנפאנג, אין דיא גאנץ אלטע צייטען דער קינד וועלכער האט געהאט א פאטער א למדן, פלעגט מיט איהם זיין פאטער לעהרנען, דער קינד אבער וועלכער זיין פאטער איז א פראסטאק געווען, האט ער ניט געהאט ווער עס זאל מיט איהם לעהרנען, און איז אויסגע-וואקסען פראסט, אונוויסענד, ער האט ניעמאלס געוואוסט וואס לעהרנען איז, אביסעל שפעטער, האט מען אוועק גע-זעצט מלמדים צוא לעהרנען מיט קינדער נאר אין ירושלים, דער צענטער, דער מיטעל פונקט פון אידען און יודענטהום, אום עס זאל פערווירקליכט ווערען דער פסוק כי מציון תצא

תורה ודבר ה׳ מירושלים, דער ריכטיגער ארט פון תורה זאל זיין נאר ירושלים, איז דער קינד וועלכער האט געהאט א פאטער פלעגט ער איהם פיהרען אין ירושלים לעהרנען, דער יתום אבער, וועלכער האט ניט פערמאגט קיין פאטער פלעגט גאר ניט לעהרנען, אביסעל שפעטער, האט מען שוין איינגע־פיהרט שוהלען פיר קינדער אין יעדער סטייט, און מען פלעגט צוא נעהמען קינדער פון 16-17 יאהר אלט און אויב עס פלעגט טרעפען דאס דער רבי פלעגט זיך מיט זיין תלמיד ניט באַ־געהן אזוי גוט, פלעגט דער 17 יעהריגער תלמיד אוועק וואר־פען דעם רבי מיט זיין תורה צוא זאמען.

אזוי האט אנגעהאלטען דיא לאנגע פון דיא קינדער ער־ציהונג בייא אידען ביז דיא צייט פון יהושע בן גמלא, ער, יהושע בן גמלא, האט אבער איינגעפיהרט אז מען זאל עפע־נען חדרים אין אוועק זעצען מלמדים אין יעדער שטאדט אין שטעדטעל, און מען זאל צוא נעהמען קינדער 6-7 יעהריגע, און אויף איהם האט ר׳ יהודא געזאגט, ווירקליך! דערמאהנט זאל ווערען צום גוטען אט דער מאן וועלכער רופט זיך יהושע בן גמלא, ווען ניט ער וואלט שוין לאנג פערגעסען געווארען דיא תורה בייא אידען (מס׳ ב״ק דף כ״א) אין זיין צייט פלעגט מען שוין ניט ארום פיהרען דיא קינדער לעהרנען פון שטאדט צוא שטאדט, נור מען פלעגט צווינגען יעדער שטעדטעל זיא זאהל האבען בייא זיך געניג מלמדים צוא לעהרנען מיט דיא קינדער תורה (סב).

איבער הויפט צייכענט זיך אויס אין יענער צייט דיא גרויסע שטאדט ביתר וועלכע האט פערמאגט פיהל שוהלען פיר קינדער, זייא זאגען; 400 שוהלען האט פערמאגט דיא גרויסע שטאדט ביתר, אין יעדער שוהל האבען זיך געפונען 400 מלמדים, אין יעדער מלמד, האט פערמאגט 400 תלמידים

(גיטין נח) און ווען זאגאר אזא צאהל איז אביסעל צו גוזמא'דיג,
דאס מאכט אויס 64 מיליאן, יעדענפאלס האט ביתר געהאט
זעהער פיעל שוהלען וואו זעהר פיעל יונגע אידישע קינדער
האבען תורה געלעהרנט און זענען אויסגעוואקסען גרויסע אידי-
שע געלעהרנטע, און דאס צייגט אונז וויא ווייט דיא אידי-
שע חכמים דאן האבען געלייגט פיעל מיהע און קרעפטע צוא
גרינדען וואס מעהר שוהלען, צוא פערשפרייטען וואס מעהר
ליכט אויף דיא ריינע אידישע וויסענשאפט, דיא תורה, בייא
דיא יונגע אידישע קינדער, און נים אום זיסט האבען זייא
גיזאגט, דאס דיא אורזאכע ווארום ירושלים איז חרוב גע-
ווארען ווייל מען האט זיך נים גוט אפגעגעבען מיט דיא שוהל
קינדער, און דאס מען טאר נים שטערען קינדער פון לערנען
זאגאר אויף העלפען דעם בית המקדש בויען (שבת קיט) ווייל
קוים געהמט איהר אוועק דיא תורה פון דיא יונגע קינדער אזוי
געהט אונטער דאס אידישע פאלק.



# וויא אזוי פלעגט צוגעהן דער לעהרנען פארצייטען.

פארצייטען פלעגט מען לעהרנען מיט דיא קינדער אויפ'ן
פעלד, אונטערען פרייען הימעל, דאס איז פיעל בעסער וויא
צוא נויף פאקען פיעל יונגע קינדער אין א חדר א ענגען צי-
מער וואו עס פעהלט גענוג לופט און ליכט, און דערמיט קען

מען פיעל שאדען זייער יונגען געזונט (שבת קכ״ז) נאכהער האט רבי הקדוש בעפאהלען אז לעהרנען תורה מיט קינדער איז ניט שעהן און ניט פאסיג אין מארק, עפענטליך, דער מארק איז פיר פערקויפען און קויפען אבער ניט אויף לעהרנען (מו״ק ט״ז) נאכהער איז געגרינדעט געווארען ספעציעלע הייזער אויף פאלקס שוהלען. דיא יעניגע שוהלען וואו מען האט אונטער-ריכט קינדער אין תנ״ך, מקרא, האבען געטראגען אויף זיך דעם נאמען ״בית ספר״, דארט וואו מען האט געלעהרנט ״משנה״ און נאך גרויסע און טיעפע וויסענשאפט, האבען זיך גערופען ״בית תלמוד״ ״בית המדרש״ ״בית ועד״ ״בית אולפנא״ ״תרביצא״ (מנחיה פ״ג) ״אסכולה״ (פסיקתא) ״מתיבתא״, דיא יעניגע מלמדים וועלכע האבען געלעהרענט מיט קליינע קינדער האבען זיך גערופען מיט דיא פאלגענדע נעמען ״מלמד תינוקות״ ״מקרי דרדקי, מקרי ינוקא״ דיא תלמידים פלעגען זיך רופען ״תינוקות״ אין אלגעמיין, אדער ספעציעל ״תינוקות של בית רבן״, אבער דער מלמד וואס פלעגט לעהרנען מיט זיינע שילער משנה און גמרא פלעגט טראגען דעם נאמען ״רב״ און דער וואס לעהרינט בייא איהם ״תלמיד״. פון משה רבינו ביז דיא צייט פון רבן גמליאל פלעגט מען לעהרנען נור שטעהענדיג, מען האט זיך ניעמאלס ערלויבט צוא זעצען זיך און לעהרנען, פון דיא צייט פון רבן גמליאל וואס דיא וועלט האט אנגעפאנגען פיהלען שוואכקייט אין געזינט, האט מען אנגעפאנגען צוא לעהרנען זיצענדיגער הייט, אדער גאר אויף דער ערד (מגילה כ״א) נאכהער פלעגט מען שוין צום לעהרנען זיצען אויף פערשיעדענע שטוהלען, טשערס (ב״מ כ״ד). דער רמב״ם גיט אונז א בילד וויא אזוי עס פלעגט בייא זייא פארקומען דער לעהרנען, ער פרעגט וויא אזוי פלעגט מען לעהרנען? אן דער שפיצע, אויבען אן, פלעגט זיצען דער ״רב״, דיא תלמידים פלעגען

זיך ארום זעצען ארום איהם אזוי אז אלע זאלען איהם קענען אריין קוקען אין געזיכט און גוט הערען וואס ער זאגט. און עס איז ניט ערלויבט געווען אז דער רב זאל זיצען אויף א טשער און דיא תלמידים אויפ'ן פלאהר, וויא זשע דען? אדער אלע זאלען זיצען אויפ'ן פלאהר, אדער אלע אויף טשערס (רמב"ם הלכות ת"ת כ"ד הלכה ג').



# דיא פפליכט פון דעם רבי צוא זיין תלמיד.

א פרוי און א סינגעל מאן, וועלכער איז ניט פערהייראט טאהרען מיט קינדער ניט לערהנען (קדושין כ"ג). פון דעם מא-ראלישען שטאנדפונקט, דער אידישער דרך ארץ, איז גענען פרויען לעהרערקעס, און דער וואס האט נאך ניט געהייראט, דער יונגער מענש, אויסער דיא מאראלישע זייט, אויך פון דער קונסט פון ריכטיגע ערציהונג, קען נאך קיין מלמד ניט זיין, מען דארף פיעל, זעהער פיעל, אליין לעהרנען, שטו-דירען, האבען גוטע זעלטענע מדות, פערשטעהען גוט דיא מענשליכע נשמה, האבען פיעל פראקטים אום צוא קענען נעהמען אויף זיך אזא פעראנטווארטליכע הייליגע אויפגאבע וויא צוא ערציהען דיא יונגע קינדער און מאכען פון זייא צו-קינפטיגע ווארימע אידען, וועלכע זאלען וויסען און פערשטע-הען דעם יודענטהום און זאלען ברייגגען נוצען דעם פאלק פון וועלכע זייא שטאמען. זייא פרעגען דער וואס לעהרינט בייא

יונגע לייט צוא וואס קען מען דאס גלייכען? צוא דעם וואס עסט וויינטרויבען נאך ניט צייטיגע און טרינקט ווין וועלכער איז נאך ניט געגוג אלט, דער אבער וואס לעהרינט תורה פון אלטע פראקטישע מלמדים איז גלייך וויא ער וואלט עסען פערטיגע פרוכטען און טרינקען גוטען אלטען וויין (אבות פ״ד).

זייא האבען אויך פערזארגט צוא זיין פארזיכטיג גענוג אין נעהמען א מלמד פיר דעם קינד. אפילו א קליין קינד, וואס פאנגט ערשט אן צוא לעהרנען מוז האבען א גאנץ גו-טען מלמד, וועלכער וויים גרינדליך וואס לעהרנען איז, און וועלכער פערשטעהט גוט דיא שפראך, ווארום אויב נאר צום אנפאנג וועט מיט איהם לעהרנען אזא מלמד וואס וויים ניט גרינדליך דיא שפראך, זא וועט דיעזער אונוויסענדער מלמד איינגעוועהנען דעם קינד אין גרייזען, מיסטייקס, וואס נאכ-הער וועט שוין דאס מוזען בייא איהם פערבלייבען, און קיין מיטעל וועט שוין ניט העלפען צוא בעזייטיגען יענע מיסטייקס וועלכע עס האט אין איהם איינגעפלאנצט דער ערשטער מלמד דער אנפאנגער (ב״ב כ״א). דער מלמד וועלכער פערנאכלעסיגט דעם לעהרנען אויף איהם זאגט דער פסוק ארור עושה מלאכת ה׳ רמיה, פערפלוכט זאל ווערען דער יעניגער וועלכער פעלשט גאטעס ארבייט, און דער מלמד וועלכער לאזט דיא קינדער לעהרנענדיג ניט אכטענדיג געבען אויף זייא וויא אזוי זייא לעהרנען; אדער אויסער מלמדות בעשעפטיגט ער זיך מיט עפעס אנדערש, אדער ער איז גלאט פערנאכלעסיגט אין זיין לעהרנען, דער דארף פערשאלטען און פערדאמט ווערען. דער פאר דארף מען צוא נעהמען א מלמד וועלכער איז א פרו-מער עהרליכער איד און א גוטער ספעציאליסט אין זיין פאך (רמב״ם ביד החזקה).

דיא גמרא דערצעהלט אונז פאלגענדע ערצעהלונג וועלכע

ניט א בעגריף וויא הייליג פערצייטען איז בייא זייא געוועזן דיא פעראנטווארטליכקייט פון מלמדות. רב שמואל בר שילת איז א מלמד געוועזן, איין מאל טרעפט איהם רב אז ער שטעהט אין זיין גארטען, רב הויבט איהם אן צוא זאגען מוסר דאס אלס מלמד איז איהם ניט ערלויבט צוא אפטרעטען פון דיא קינדער, און רב שמואל בר שילת פערענטפערט זיך דאס שוין 12 יאהר וויא ער האט זיין גארטען ניט אנגעקוקט אפילו ווייל ער איז שטענדיג פערנומען מיט דיא קינדער, און אויך איצט, איך בין דא, אבער מיין הארץ, מיין קאפ, איז בייא דיא קינדער דארט... (ב"ב ח').



# אויפפאסען אויף דיא קינדער.

אום צוא לעהרנען מיט תלמידים און דער לעהרנען זאל האבען ערפאלג, מוז אויסגעארבייט ווערען א געוויסע סיסטעם, א ארדענונג, מען מעג וויא גוט לעהרנען קוים פעהלט סיס-טעם, ארדענונג, זא קען דער לעהרנען קיין גוטען ערפאלג ניט האבען, עס איז א בעוואוסטע זאך, דאס אויף יעדער למוד מוז זיין א בעשטימטע צייט, אין איין צייט זאל מען לעהרנען איין למוד, דעם צווייטען למוד אין איין אנדער צייט, אזוי דאס יעדער סארט לעהרנען זאל זיך האבען זיין בעש-טימטע צייט, רבא האט דאס פערזאגט דיא מלמדים פון זיין צייט מאכט א בעשטימטע צייט אויף דיא למודים, דיא תלמידים אייערע זאלען וויסען דיא ריכטיגע צייט ווען צוא קומען לעהר-נען (עירובין נ"ד).



# וועגען בעשטראפען קינדער.

שוין גאנץ לאנג וויא דיא גרעסטע געלעהרענטע דיא יע-
ניגע וועלכע גיבען זיך אפ מיט דער פראגע פון קינדער ער-
ציהונג, דעבאטירען צווישען זיך איבער דיא ברענענדע פראגע
ציא מען דארף שלאגען קינדער ווען זייא פערדיענען דאס,
וויא צום ביישפיעל נאכלעסינקייט, ווילדע שטיפעריי, ניט פאל-
גען דיא עלטערען און דיא לעהרער, ניט וועלען לעהרנען א.
ז. וו. ציא מען טאר קיין קינדער אויף קיין פאל ניט שלאגען?
דיא פראגע איז זעהר א ערנסטע אין אלע צייטען, ספעציעל
אין היינטיגע צייטען ווען דיא וועלט אין אלגעמיין איז פיעל
פרייער וויא אמאל, און אויך אונזערע קינדער בעזאנדערס גע-
ניסען פיעל מעהר פרייהייט וויא ווען בעפאר.

אום צוא פערענטפערען דיעזע פראגע איז זעהר פיעל
ביכער אנגעשריבען געווארען פון פערשיעדענע גרויסע דענקער
און וויסענשאפטס מענער, דער גרעסטער טהייל פון זייא איז
געגען שלאגען קינדער, נאר מיט גוטען, ניט דורך קלעפ,
קלעפ מאכט ערגער און ניט בעסער, אויף דעם ארט פון
שלאגען דעם קינד איז פיעל בעסער און פראקטישער ריידען
צוא איהם, ווירקען אויף זיין שכל, געבען איהם פערשיעדענע
ביישפיעלע פון לעבען, זעהען ווירקען אויף איהם אז ער זאל
זיך לעהרנען פון לעבען ניט פון קלעפ, דאגעגען אבער געפי-
נען זיך אויך גרויסע דיינקער וועלכע ערקלעהרען אז עס איז
פשוט אונמעגליך צוא ערציהען קינדער ניט ווייזענדיג זייא א
קלאפ, עס גיעבט פערשיעדענע קינדער, שטילע רוהיגע ארענט-
ליכע קינדער קען מען ערציהען מיט שכל, מיט גוטע ווערטער,

מיט דעם צונג ניט מיט דער האנד, עס גיעבט אבער אזוינע קינדער וועלכע זיינען פון דער נאטור זעהר שלעכט, פרעך, זאגאר ווילד, איינגעשפארט, רעדט מיט זייא טויזענד מאהל מיט גוטען, מיט שכל און זייא וועט גאר ניט העלפען, זייער גאנצע אויפפיהרונג בעט זיך א שטרענגע דיסציפלין, און ערשט דאן ווען זייא קריגען געשמיסען מיט׳ן קאנטשיק ווערען זייא שטיל, און זיינען נאך דאנקבאר דעם פאטער און דעם לעה-רער וועלכער לעהרינט זייא וויא צוא זיין מענשין, און מערק-ווירדיג! כמעט דיא אלע וועלכע שרייען אז מען טאר קיין קינ-דער ניט שלאגען, און דאס מען קען אויס קומען מיט קינדער אהן קלעפ, דיא אלע זענען אליין קיין מלמדים ניט געווען, האבען זיך קיין מאל מיט קינדער ניט אפגעגעבען, זייא הא-בען קיין פראקטיס ניט געהאט, דיא אבער וועלכע ווייסען פון לעבען זעלבסט, פון פראקטיק, וואס קינדער ערציהען בע-דייט, יענע זיינען מיט דעם מיינונג, אז א קינד מוז מען אמאל א קלאפ וויזען, אבער, יעדענפאלס, דאס מוזען גוט געדיינקען דיא עלטערען אין דיא לעהרער דאס נור "א קלאפ" וויזען, אבער בשום אופן טארען זייא זיך ניט ערלויבען שלאגען דיא קינדער מיט רציחה, מיט כעס, וויא ווילדע, וויא דער שטארקער וואס וויל דערשטיקען דעם שוואכען, אזא סארט שלאגען וועט נעוויס קיינע גוטע פראקטישע רעזולטא-טען ניט בריינגען. רב זאגט אן דעם אידישען מלמד פון יע-נער צייט רב שמואל בר שילת ווען דוא ווערסט שוין יא מוזען שלאגען א קינד, דאן שלאג איהם מיט דעם שנירעל פון א שוך, גאנץ לייכט, וועט דאס איהם העלפען, איז געוויס גוט, אויב ניט טשעפע איהם מעהר ניט, זאל ער זיצען צוא זא-מען מיט זיינע חברים, דיא איבעריגע קינדער, זייא זאלען לעהרנען און ער ניט, קוקענדיג אויף זייא וועט איהם אנ-

נעהמען א חשק צוא לעהרנען, אמ אזוי וועט ער פון זיך אליין בעסער ווערען (עירובין כ״ד).



## מען דארף וויסען דיא נשמה פון קינד.

עס איז איין אלטער גוט בעוואוסטער כלל אז אום צוא קאנען זיין א מלמד מוז מען גוט וויסען דיא נשמה פון דעם קינד, וויסען זיין כאראקטער, פערשטעהן איהם גוט, שטודי־רען איהם, זעהען מיט אלע מעגליכקייטען דאס דער קינד זאל ליעב האבען זיין פאטער, זיין לעהרער, עס איז דארום זעהר נאטהווענדיג צוא געבען דאס קינד דיא מעגליכקייט ער זאל האבען אויך פרייע צייט אויף צוא שפיעלען און אמוזי־רען זיך, דער רבי זעלבסט דארף שאפען פיר איהם פערשי־עדענע שפיעל געצייג פון וואס דער קינד זאל זיך גוט אמוזי־רען, דער תלמוד דערצעהלט אונז וועגען דיעזע אנגעלעגענ־הייט א מערקווידיגע ערצעהלונג; רב איז אמאל געקומען צוא פאהרען אין א שטאדט, דיא צייט איז דאמאלסט געוועזען זעהר א שלעכטע, א שרעקליכער קריזיס איז געוועזען, ווייל עס האט שטארק געפעהלט רעגען. רב האט אויסגערופען דעם עולם זאל פאסטען, אין תענית האבען זיך אלע פערזאמעלט אין שוהל, צוא בעטען גאט ער זאל געבען רעגען, איינער האט זיך געשטעלט פאר'ן עמוד אלס חזן, וויא נאר ער האט אויסגעשריען משיב הרוח! אזוי האט באלד א ווינד אנגעפאנ־גען צוא בלאזען, און וויא נאר ער האט ארויס גערעדט דיא פאר ווערטער "מוריד הגשם" אזוי האט זיך באלד געלאזט

מעהן א שלאגם רעגען, רב איז זעהר ענטציקט געווארען פון דיעזען זאנדערבארען וואונדער מאן, ער האט איהם שטארק פעראינטערעסירט, ער האט געמאכט א רייד מיט איהם אום צוא וויסען וואס פיר נאבעלע גוטע זאכען ער טהוט אויף, אויף דער וועלט, וואס זיין איינפלוס איז אזוי גרויס, און וואס זיינער אווארט מאכט אזא גרויסען איינדרוק, און רב פרעגט איהם; זאג מיר, אונבעקאנטער, דיין אויפפיהרונג? דיין ארט לעבען? וואס טהוסטו אויף, אויף דער וועלט? און יענער ענט-פערט איהם פאלגענדעס; איך בין א מלמד, איך מאך קיין מאל קיין אונטערשיעד ניט פון ארעמע ביז רייכע קינדער וואס לעהרנען בייא מיר, ארעמע און רייכע בעהאנדעל איך גלייך, דער קינד וואס שטאמט פון ארעמע עלטערען און קען קיין שכר למוד ניט צאהלען, לעהרינט בייא מיר אהן געצאהלט אזוי גוט וויא דער גבירישער קינד וועלכער צאהלט גוט, און בייא מיר איז געמאכט געווארען פערשיעדענע קינדער שפיעל, וויא צוא שפיעלען זיך מיט פישלעך, און דער קינד וועלכער איז ניט פלייסיג צום לעהרנען, ערלויב איך איהם שפיעלען זיך מיט דיעזע פישלעך, אט אזוי געווין איך זיין הארץ, זיין לי-עבע און רעספעקט צוא מיר, ביז מיר געלינגט אם ענדע צוא ציהען איהם צום לעהרנען (תענית כ״ד).

א גרויסען און זעהער וויכטיגען כלל האבען אונז שוין לאנג ארויס געגעבען אונזערע אלטע חכמים דער וואס איז צוא שטריינג, קען, און טאר קיין מלמד ניט זיין, לא הקפדן מלמד (אבות פ״ה) דער מלמד מוז זיך גוט רעכענען מיט דיא צארטע גע-פיהלען פון זיינע יונגע תלמידים, ער טאר ניט בעליידיגען אום זיסט אום נישט, אהן פאר וואס זיינע תלמידים, זייער עהרע איז זיין עהרע, יהי כבוד תלמידך חביב עליך כשלך (אבות פ״ד) אמת טאקע אמאל, אין מאנכע פעהלע וואו דער מלמד פיהלט

און פערשטעהט אז דאס איז א נאטהוועגדיגקייט דאן מוז ער ווארפען א מורא אויף דיא תלמידים (כתובות ק״ג) אבער אלץ מיט א מאס, ניט צוא פיעל, מיט דער לינקער האנד שטופ אפ, אבער מיט דער רעכטער האנד ציה איהם צוא זיך, ווען דיא לינקע האנד שטופט אפ, דארף דיא רעכטע האנד מקרב זיין (סוטה מ״ז).



# דיא צייט פון אנפאנגען לעהרנען.

דאס איז אויך זעהר א וויכטיגע פראגע וויא אלט דארף זיין דער קינד דאס מען זאל איהם שוין קענען אפגעבען לעהרנען? מאנכע דיינקען אז וואס אינגער דער קינד איז אלץ בעסער פיר איהם ער זאל אנפאנגען לעהרנען, דאס איז אבער דורך אוים ניט ריכטיג, עס מוז זיין א בעשטימטע צייט, א געזונטען קינד קען ניט פיעל שאדען ווען ער פאנגט אן צוא לעהרנען גאנץ יונג, אבער בייא א שוואכען קינד מוז מען זעהר פארזיכטיג זיין ווען צוא אנפאנגען מיט איהם לעהרנען, און רב האט אנגעזאגט צוא דעם בעוואוסטען מלמד רב שמואל בר שילת, א קינד וואס איז נאך ניט אלט קיין 6 יאהר זאלסט איהם גאר ניט צוא נעהמען אפילו אין חדר, ווען אבער ער איז שוין 6 יאהר אלט, דאן נעהם איהם צוא שטאפ איהם וויסענשאפט וואס מעהר (כתובות נ׳) רב קטינא זאגט, דיא עלטערען וואס גיבען אפ זייער קינד לעהרנען ווען ער איז נאך קיין 6 יאהר ניט אלט, וועט דער קינד זיין אזוי שוואך, דאס אלע מיטלען וואס זייא וועלעז נאכהער אנווענדען מאכען איהם

נעזונד און שטארק וועט נאר נים העלפען, ער מוז בלייבען שוואך און קראנק אויף זיין גאנצען לעבען (סב).



# דיא פעהיגקייט פון קינדער.

פיעל מאל טרעפט דאס א אונוויסענדער מלמד ווייס נים ציא זיין תלמיד האט גוטע פעהינקייטען ציא ניין? עס טרעפט גאנץ אפט דער מלמד האלט איינעם פון זיינע תלמידים פאר א לא יוצלח, א שלימזל, דער תלמיד וואקסט אויס, און ציינט ארוים דיא וועלט זיינע גלענצענדע פעהינקייטען, אלע רייד דען וועגען איהם, אלע בעוואונדערען, און זיין אמאלינער מלמד קען דאס נאר נים פערשטעהן פון וואנענט האט זיך דאס גענומען צוא איהם, דארטוך א פערשטאפטע קאפ געוועזן. דיא אור-זאכע איז, דער מלמד האט איהם נים פערשטאנען, ארבע מדות בתלמידים.

עס גיעבט פערשיעדענע כאראקטערע; טאלענטע, און פע-הינקייט, וואס איינער בעזיצט דער צווייטער נים, מענשען דארף מען קענען גוט שטודירען, איבער הויפט גאנץ יונגע מענשען וועלכע עס ערווארטערט א צוקונפט, דאס איז דיא יונגע קינ-דער, דיא חדר אינגלעך, איינער פערשטעהט באלד, שנעל, וואס מען לעהרינט מיט איהם, אבער אזוי שנעל וויא ער פער-שטעהט דיא זאך אזוי שנעל פערגעסט ער, דאס איז נים גוט, איינעם קומט אן שווער צוא פערשטעהן, קוים אבער פערשטעהט ער יא, קוים האט ער דאס אריין גענומען אין מח אזוי בלייבט דאס בייא איהם, ער וועט שוין קיין מאל נים פערגעסען, דאס

איז שוין פיעל בעסער, דער אבער וועלכער "נעהמט" דיא זאך באלד און דאצו געדענקט ער דאס אויך, דאס איז זעלטען גוט. דער יעניגער אבער וועלכער מאטערט זיך גוט אן ביז ער פער-שטעהט וואס ער לעהרינט, און נאכהער ווען נאך פיעל מיה און מאטערניס פערשטעהט ער שוין אם ענדע און טאקע באלד פערגעסט ער, דאס איז אויסער געוועהנליך שלעכט, אזא איז זעהר שווער צוא מאכען ערפאלג אין לעהרנען.

דער רבי, דער מלמד, מוז דארום גוט קענען דיא מעלות אויך דיא חסרונות פון זיינע תלמידים אום צוא וויסען וויא אזוי צוא לעהרנען מיט יעדער תלמיד נאך זיין טאלאנט, נאך זיינע פעהיגקייט נאך, חנוך לנער עפ"י דרכו...



# קינדער לעהרנען ויקרא

עס איז א גאנץ אלטער מנהג בייא אידען, דאס ווען מען פאנגט אן צוא לעהרנען מיט א קינד תנ"ך דאס ערשטע וואס מען לעהרינט מיט איהם איז ויקרא, ווארום ניט פון אנפאנג, פון בראשית? ר' אסי זאגט ווייל דיא קליינע קינדער זיינען אומ-שולדיגע, ריין וויא גאלד, דיא קרבנות זענען דאך אויך ריין זאלען קומען דיא ריינע נשמות פון דיא קינדערליך און בעשעפ-טיגען זיך מיט דיא ריינע קרבנות.

לעהרנענדיג וועגען דיא קרבנות קען איהם זיין רבי ער-קלעהרען וויא א איד טאר ניט לעבען נאר צוא ליעב זיך און אויף יענעם ניט קוקען, א איד דארף זיך אפגעגעבען מיט גוטס טאן, מיט צדקה, גמילות חסדים, הכנסת כלה, מלביש ערומים, בקור חולים א. ז. וו. און ווען דאס יודענטהום פאדערט פון

איהם א קרבן, ער זאל זיך אפפערען צוא ליעב אידישקייט, דאן דארף ער זיין נעגרייט מיט פערגעניגען ערפילען זיין היילי-גען פפליכט, ווערען א מערטירער, א קרבן!...



# מען דארף קענען זיין א מלמד.

הייליג און טהייער איז דיא ארבייט פון מלמדות, און א גרויסע פעראנטווארטליכקייט ליעגט אויף דעם מלמד בייא וועל-כען דער צוקונפט פון דעם אידישען פאלק ליגט אין זיינע הענד, ער דארף וויסען וויא צוא לעהרנען, וואס צוא לעהרנען, און בעפאר ער נעהט יענעם לעהרנען מוז ער טאקי אליין קענען וויסען טיעף און גוט אלעס וואס בעלאנגט צוא אידישע למודים. רבה בעפאר ער פלעגט דארפען פארלעזען פאר זיינע תלמידים פלעגט ער זייא זאגען א געלונגענים וויטץ פון וועלכען זייא פלעגען לאכען, און גוט הנאה האבען, אום צובינדען זייא מעהר צוא זיך, נאכהער פלעגט ער אנפאנגען לעהרנען מיט זייא (פסחים קי״ז).

ער מוז פריהער אליין פאר זיך גוט דורך לעהרנען און פערשטעהן וועגען וואס ער געהט מיט זייא לעהרנען, אום אז זיינער א תלמיד וועט איהם שטעלען א פראגע זאל ער וויסען באלד וואס פיר א אנטווארט איהם צוא געבען (קדושין ל׳) טאנ-בעם מאל פלעגען דיא אלטע אידישע חכמים לעהרנענדיג מיט זייערע תלמידים אומיסטנע זאגען פיר זייא א רעכט מערקוויר-דיגע זאך, פונקט פארקעהרט וויא דיא זאך איז אין דער ווירקליכקייט, אום צוא פרובירען דיא תלמידים זייערע ציא פער-שטעהען זייא גוט וואס זייא לעהרנען, אדער פיעלייכט נאר

דער מויל רעדט און דיא קאפ איז גאר מיט עפעס אנדערש פערנומען, וויא עס טרעפט גאנץ אפט בייא קינדער וואס לעהר־נען ביי'ן רבי, רבי מאיר פלעגט זאגען אויף ריין אום ריין, און אויף דאס וואס איז אום ריין לויט דעם אידישען דין, אז דאס איז גאר ריין, ער פלעגט דאס בעווייזען מיט פערשי־עדענע שארפע ארגומענטען אום צוא קאנטראלירען זיינע תלמידים וויא וויים זייא זיינען פערטיעפט אין לעהרנען (עירובין י"ג).

אפט מאל פלעגען זייא פארברייננגען פאר זייערע תלמידים טיעפזיניגע, שארפע למודים, מיט דעם צוועק אוים צוא שארפען זייערע מחות, זייא זאלען זיך איין געוועהנען צוא דעבאטירען, אנאליזירען, ארגומענטירען און קענען ארויס זאגען פערשיעדע־נע מיינונגען איבער יעדער געגענשטאנד (נזיר נ"ט עירובין י"ג, ברכות ל"ג) דיא קונסט פון א גוטען מלמד איז ערקלעהרען זיין תלמיד א זאך מיט קורצע ווערטער, ניט פיעל אן גערעדט, קורץ און שארף, און דער תלמיד זאל אהם פערשטעהן (פסחים ג') ווען ער לעהרינט מיט איהם א געוויסען ענין און ער פיהלט דאס דער תלמיד זיינער האט איהם ניט גוט פערשטאנען, דאן זאל ער ניט לעהרנען מיט איהם אנדערע ענינים וואו ער וויים נאך ניט זיכער דעם פריהערדיגען ענין, רבי פרידא האט געהאט א תלמיד וועלכער האט ניט לייכט פערשטאנען וואס מען לעהרינט מיט איהם, און ער פלעגט מוזען איין ענין דורך לעהרנען מיט איהם 400 מאל (עירובין נ"ד).



# תנ"ך און תלמוד.

אין דעם פריהערדיגען דור פלעגט מען לעהרנען מיט דיא קינדער זעהר פיעל תלמוד און גאנץ וועהניג אדער כמעט וויא נאר ניט געלעהרינט תנ"ך, דאס איז געווען, אהן שום צווייפעל, איינער פון דיא גרעסטע חסרונות וואס קען נאר געבען, אהן תנ"ך קען מען דעם תלמוד ניט פערשטעהן, ש"ס ופוסקים איז געבוים אויף תנ"ך, דער תנ"ך דאס איז דער פונדאמענט פון דער אידישער רעליגיאן, פון דער אידישער ליטעראטור פון אלעס וואס אידיש, מאראליש, הייליג און בעגייסטערט איז.

אין היינטיגען דור, אין דער נייער צייט תנ"ך ווערט נאך וויא עס איז געלעהרינט, ניט אלע געברויכען דיא פריש געבא-קענע מעטהאדעס, אבער ליידער דעם תלמוד האט מען אין גאנצען פערנאכלעסיגט, דער תלמוד איז דיא גרעסטע ספרים וואס דיא וועלט האט ווען געזעהן, דיא וויכטיגסטע ענציקלא-פעדיע וואס דער אידישער גייסט האט פראדוצירט, נעהמט צוא דעם תלמוד אזוי האט איהר ניט קיין יודענטהום, דיא קראים (קאראימעס) וועלכע האבען ניט געוואלט וויסען פון דעם תלמוד זאנדערען פון דעם תנ"ך אליין, זענען גייסטליך פער-קריפעלט געווארען, זענען מאראליש גייסטליך טוידט, מאכט-לאז, האבען ניט קיין עקזיסטענץ, מען דארף דארום לעהרנען מיט דעם אידישען קינד אי תנ"ך אי תלמוד, בעפאר מוז ער ווערען אמת גוט קלאהר אין גאנץ תנ"ך, נאכהער לעהר-נען דעם תלמוד (ת"ר פ' נגנים).

אייגענטליך טאר דער מלמד קיין געלט ניט נעהמען פאר לעהרנען תורה מיט אידישע קינדער, דארף מען בעטען געלט

פיר לופט? פיר א טרונק וואסער? פיר זינגען שטראהלען? פיר לעהרנען תורה געלט נעהמען? דאס איז ניט שעהן, ניט מענ-שליך, ניט אידעשלעך, נאר דיא געלט וואס דער מלמד נעהמט איז ניט פאר'ן לעהרנען, זאנדערען פיר אויפפאסען אויף דיא קינדער, אכטינג געבען, היטען זייא (נדרים ל"ז, רמב"ם ה' ת"ת פ"א ול"ח שם).



# דיא פפליכט פון דעם תלמיד צום רבי.

עס איז נאטהוענדיג צו ערקלעהרען דיא יונגע קינדער דאס דייא מוזען ליעב האבען און רעספעקטירען דעם יעניגען וועלכער מאכט זייא פיר מענשין, דער וועלכער לעהרינט מיט זייא, זייא זאלען ניט זיין אונוויסענד וואס דאס איז דיא ערגסטע זאך וואס קען געבען, און אונזערע אלטע חכמים האבען פערזאגט דארפסט מורא האבען פאר דיין רבי אזוי ווי דוא האסט מורא פאר גאט (אבות פ"ד) דער וואס מאכט סקאנדאלען און קריעגט זיך מיט זיין רבי אדער פערשאפט איהם אונאנגענעהמליכקייט איז גלייך וויא ער וואלט דאס נעטהאן צוא גאט אליין (סנהדרין ק"י) ווען ער פסקנט דינים אין דער אנוועזענהייט פון זיין רבי איז ער ווערט דעם טוידט (עירובין ס"ג) ווען זיין פאטער און זיין רבי האבען ביידע עפעס פערלאהרען אזוי ליגט אויף איהם מעהר פפליכט אום קעהרען דיא אבדה פון רבי איידער זיין פאטערס אבדה, דער רבי דארף בייא איהם שטעהן פיעל העכער פון זיין אייגענעם פאטער, דער פאטער זיינער שטיצט איהם נור קערפערליך דער רבי אבער שטיצט איהם מאראליש,

דער פאטער פערשאפט איהם דעם לעבען פון דיעזער וועלט דער רבי אבער גיט איהם דיא מעגליכקייטען פון שאפען זיך דעם צוקינפטיגען לעבען וואס שטעהט פיעל העכער (ב״מ ל״ג).

ווען איינער לעהרינט עפּעס פון צווייטען, זאגאר איין ווארט ניט מעהר, מוז ער איהם דער פאר רעספעקטי־רען (אבות פ״ו) דער וואס וויים ניט וויא צוא האלטען זיך ווען ער געהט צוא זאמען מיט זיין רבי איז ער א אונוויסענדער יונג (יומא ל״ז) עס איז ניט ערלויבט דעם תלמיד צוא רופען זיין רבי מיט זיין געוועהנליכען נאמען, זאגאר ווען ער איז ניטא ־ערביי ווען ער דערמאהנט זיין נאמען, זאנדערען ער דארף נור זאגען ״דער רבי״ ״מיין רבי״ (סנהדרין ק׳) דער וואס עמפפאנגט זיין רבי איז גלייך וויא ער עמפפאנגט דיא גאטהייט (ירושלמי עי״רובין פ״ה) וויא נור ער דערזעהט פון ווייטען דאס זיין רבי געהט מוז ער זאפארט זיך אויפשטעלען און שטעהן אזוי ביז מען זעהט איהם שוין מעהר ניט אן (יומא כ״ג) עס איז איהם אויך ניט ערלויבט צוא זיצען אויף דעם ארט וואו דער רבי זיצט (יד החזקה להרמב״ם הלכות ת״ת).



# וויכטיגע כללים פיר דעם וואס לעהרינט זיך.

וויכטיג איז פיר דעם וואס וויל קענען לעהרנען דאס ער זאל זיין פלייסיג, אדער וויא מען רופט דאס בייא אונז ״התמדה״, אהן התמדה, קען מען ניט. וויסענשאפט אין אלגעמיין און דיא וויסענשאפט פון דער תורה בעזאנדערס פאדערט ענערגיע.

איבערגעבענהייט און האלטען אין איין לעהרנען, און זעהען נים דורך לאזען זאגאר איין מינוט און נים לעהרנען, איבערהויפט נים אב לייגען אויף שפעטער, פילייכט שפעטער וועט מען גאר דיא מעגליכקייט נים האבען צוא לעהרנען.

מיין נים, אז דוא מוזט אלעס אוים לעהרנען, אבער לעהרן, בעסער עפעס איידער גאר נים (אבות פ״ג) ווען איינער וועט דיר ערצעהלען אט איך האב נים געזשאלעוועט קיין מיהע, איך האב פיעל געהארעוועט אום צוא קענען לעהרנען און ארוים געווארפען מיין מיהע, איך קען גאר נים! גלויב איהם נים, דאס איז נים ריכטיג, ווען מען הארעוועט קען מען, ווען איינער זאגט דיר אט איך ווייס פיעל, איך קען אמת גוט לעהר-ען, נור מיר איז דאס גאנץ לייכט אנגעקומען, איך האב גאר נים געהארעוועט גלויב איהם נים, ווען מען הארעוועט נים קען מען נים (מגילה ו׳).



# לעהרנען אויפ'ן קול.

---

עס איז זעהר וויכטיג פיר דעם וואס האלט בייא לעהר-נען אז ער זאל נים פערגעסען וואס ער האט געלעהרינט, איז ער זאל לעהרנען אויפ'ן קול, הויך וועט דער למוד זיך אינ-קריצען און זיין זכרון, און עס וועט פערבלייבען אין מוח, דער אבער וועלכער לעהרינט שטילער הייט, אדער מיטען קוק, ער קען מאקי גאנץ גוט פערשטעהען וואס ער לעהרינט, אבער שפעטער אביסעל וועט ער אין גאנצען פערגעסען וואס ער האט געלעהרינט, ברוריא דיא פרוי פון רבי מאיר, א העכסט גע-בילדעטע אידישע פרוי האט אמאל געטראפען א תלמיד ווייא

ער זיצט זיך און לעהרינט אין דער שטיל, זיא האט אויף איהם אנגעשריען; ווייסטו דען ניט אז מען לעהרינט אין דער שטיל, אז מען רעדט ניט ארויס וואס מען לעהרינט פערגעסט מען באלד? לעהרנען אויפ'ן קול וועסטו געדיינקען (עירובין כ״ד) רבי מאיר האט געהאט א תלמיד וועלכער פלעגט לעהרנען אין דער שטיל, אין 3 יאהר ארום האט ער אין גאנצען פערגעסען וואס ער האט געלעהרינט (שם).

זעהר וויכטיג איז צוא וויסען דאס אום מען זאל גוט גע-דיינקען וואס מען האט געלעהרינט איז חזר'ען, איבער לעהר-נען איין זאך פיעלע מאל, דאן בלייבט דאס אין זכרון, (שם תענית ח׳).



# פיעל לעהרער.

לעהרנען און פערשטעהן דעם איינפאכען זינן פון דיא למודים איז פיעל גלייכער ניט בייטען דיא מלמדים, ווייל יע-דער מלמד האט זיך זיין סיסטעם און דאס צוא טומעלט דיא קאפ פון דעם תלמיד און ברייגגט איהם קיינע נוצען נור שא-דען, אבער ווען ער קען שוין פיעל, און דארף שוין האבען טיעפע לעהרע, דעבאטירען איבער פערשיעדענע געגענשטענדע אן איז ראטהזאמער צוא בייטען דיא לעהרער, ווייל יעדער לעהרער האט דאך פערשיעדענע מיינונגען און ערקלעהרונגען, און דורך דעם קען ער בעקאנט ווערען מיט פיעל זייטינע

פערשיעדענע ערקלעהרונגען און מיינונגען וואס דאס וועט רייבער מאכען זיין היסען (ע"ז י"ט).



# לעהרנען מיט חברים.

אום דער לעהרנען זאל האבען ערפאלג איז ווינשסווערט מען זאל ניט לעהרנען אליין פאר זיך זאנדערען מיט קאמפאני, מיט חברים, ווען מען לעהרינט אליין פאר זיך איז דער לעהרנען א "פערשלאפענער" ווען אבער א גרופע מענשין לעהרנען צוא זאמען שארפט איינער דעם צווייטען, דיא תורה איז געגליכען צוא פייער, פייער ברענט ניט אליין, זאנדערען ווען דאס האט אויף וואס אנצוכאפין זיך, אזוי דיא תורה קען האבען א קיום נאר ווען מען לעהרינט מיט א געזעלשאפט (תענית ח׳).



# תלמידים מאכען קלוג דעם רבי.

דיא תורה איז געגליכען צו פייער, בייא פייער צינט אונטער א קליין שטיקעל האלץ א גאנץ גרויסען בוים, אזוי איז בייא תורה. דער תלמיד שארפט מיט זיינע פראגען דעם מוח פון זיין רבי. רבי חנינא האט געזאגט, פיעל האב איך געלעהרינט פון מיינע רביים, פון מיינע חברים האב איך נאך מעהר געלעהרינט, און פון מיינע תלמידים האב איך געלעהרינט מעהר פון אלעמען (ז׳ס תענית) מען דארף נאר זיין קליין

בײא זיך אלעמען אויס הערען, אינטערעסירען זיך אין יעדערענס מיינונג, ווארעם אין גרונד גענוהמען האט יעדערער וואס צוא זאגען, און אין אזא אופן קען מען פיעל לעהרנען. דיא תורה איז געגליכענט צוא וואסער, וואסער אנטלויפט פון בארג און לויפט דארט וואו עס איז זיך נידעריג, אזוי איז דיא תורה, זיא האסט דעם גרויס האלטער, דער וואס בלאזט פון זיך, און זיא געפינט זיך נאר בײא דעם וועלכער איז בײא זיך פראסט און וויל פון אלעמען לעהרנען (ס״ס תענית).



## דיא פפליכט פון פאטער.

דיא ערציהונג פון אידישקייט פאנגט זיך אן פון דער צייט וואס דאס קינד פיינגט אן צוא ריידען, דאן מוז איהם זיין פאטער לעהרנען צוא ריידען העברעאיש, לשון הקודש, דיא הייליגע נאציאנאלע שפראך, און לעהרנען מיט איהם אידישקייט, בעקאנט מאכען איהם מיט דעם תנ״ך, (ספרי עקב כ״ו, תוספתא חגיגה כ״א) און זעהען ערציהען איהם ער זאל אלעס וויסען און פערשטעהן, ער זאל ניט אויס וואקסען, וויא א גרויסער אידישער פילאזאף יש״ר מקנדיא האט זיך אוסגעדריקט, ״א חמור וואס עסט אקסען פלייש״, ער מוז שטרייגג אויפפאסען אויף זיינע קינדער זייא זאלען מאראליש ערצויגען ווערען, זאלען גוטע זיטען פערמאגען, (תדב״א רבא כ״כ). א קליין קינד מעג מען אמאל ווייזען שמיץ, א גרויסען אבער טאר מען ניט, עס קען ווערען א סקאנדאל, און דער קינד קען נאך עפעס טאן וואס וועט נאר ניט פאססען פאר דיא עהרע פון פאטער, און

שולדיג וועט נאכהער דער פאטער זיין ווייל ער האט געבראכט דערצו (מו"ק י"ז).

דער וואס לערהינט מיט זיין קינד תורה איז גלייך וויא ער וואלט אליין גענוהמען דיא תורה פון בארג סיני (ברכות כ"א, כתובות קי"ג). וועד הייסט א פראסטאק, א עם הארץ? דער וואס האט קינדער אין לאזט זייא ניט לערהנען תורה (סוטה כ"ב)



# ארבייט און ביזנעס

ניט נור תורה אליין מוז דער פאטער לערהנען מיט זיי-נע קינדער זאנדערען אויך פראפעסיאן, א טרייד, עס לינט א הייליגע פפליכט אויף דעם פאטער פון קינדער, אויסטרעטען א וועג אין פראקטישען לעבען פיר זייא, זייא זאלען קענען א האנד ווערק פון וועלכע זייא זאלען קענען אין יעדער צייט ערנעהרען זיך, מאכען א אנשטענדיגען לעבען, ניט דארפען צוא קיינעם אנקומען.

דער וואס לערהינט ניט זיינע קינדער א האנד ווערק. א טרייד, איז גלייך וויא ער לערהינט זייא אויס צוא זיין מערדער, ווייל אויב זייא וועלען אויסוואקסען און וועלען ניט האבען דיא מעגליכקייט צוא מאכען א אנשטענדיגען, כשר'ען, עהרליכען לעבען, ניט קענענדיג קיין טרייד, קיין פראפעסיאן, דאן וועלען זייא דאך געצוואונגען זיין צוא מאכען אלעבען פון בעטרוג, בלאף, מארד, (קדושין ל'). גיעמאלס זאל א פאטער ניט לערהנען זיינע קינדער צוא מאכען א לעבען פון מסחר, ביזנעס, ווייל ביזנעס איבער הויפט איז געבויט אויף פאלשקייט, ליגען, אפנארען יענעם, ארבייט אבער איז

כשר פערדיענט, מיט שוויס און מיהע פערדיענט דער אר־
בייטער זיין ברויט, און דיא פפליכט פון דעם פאטער איז
דאך צוא שטרעבען דאס זיינע קינדער זאלען לעבען אויף דער
וועלט מיט ריינע נשמות, מיט זויבערע הערצער, ניט דיין
פערדארבען (סט). א פאטער מוז זאגאר לעהרנען זיינע קינדער
זייא זאלען קענען גוט שווימען, אויב עס טרעפט אמאל א עק־
סידענט זאל ער זיך קענען רעטען, (קדושין כ"ט).



# קינדער דארפען זיין גלייך.

פיעל מאל טרעפט דאס דער פאטער אדער דיא מוטער
האבען איין קינד מעהר ליעב פון דיא איבעריגע קינדער, דאס
דארף און טאהר ניט זיין, ווען אבער איבער געוויסע אורזאכען
איז דאך אזוי, ער האט איין קינד דאך מעהר ליעב פון דיא אי־
בעריגע קינדער, דאן מוז ער זעהר פארזיכטיג זיין דאס יע־
נע קינדער זאלען דאס ניט מערקען, קינדער טארען ניט
פיהלען דאס דיא עלטערען האבען יענעם מעהר ליעב פון
זייא, דאס קען ארויס רופען דיא גרעסטע אונגליקען אין לע־
בען. יעקב אבינו מאכט זיין קינד יוסף וועלכען ער האט לי־
עב מעהר פון אלע קינדער א זיידענע העמדעל, און זעה נור
צוא וואס דאס האט געפיהרט? צוא שנאה, קנאה, ברידער
פערקויפען איהם, זייער ברודער, אין א ווילד פרעמדע לאנד
פיר א שקלאף, און אם ענדע מוז דער פאטער אליין מיט
אלע קינדער שלעפען זיך אויף דיא עלטערע יאהרען אין א

ווילד פרעמדע שמוציגע לאנד. וואס האט דאס אלץ געב-ראכט? דיא זיידענע העמדעל! דיא קנאה פון ברידער, ב״יא א פאטער מוזען זיין אלע קינדער גלייך (שבת יו״ד).



# דער איינפלוס פון עלטערען

א פאטער בעאנפלוסט דעם קינד און גיט איהם איבער פאלגענדע גוטע מעלות, שענהייט, קראפט, רייכטהום, קלוג-שאפט, און לאנג לעבען, מעהרסטענטהייל האט דער קינד דיא אלע אויבען דערמאנט זאכען ווען זיין פאטער האט דאס פערמאגט, איבער הויפט א זוהן גיט זיך איין אין א פאטער מעהר וויא אין דער מוטער (עדיות פ״ב ט׳) געזונטע עלטערען האבען געזונטע קינדער, דאס איז א כלל. רבי יוחנן זאגט רב דארף נים ספענדען פיעל געלט אויף פלייש ווייל ער שטאמט פון א געזונטע פאמיליע (חולין פ״ד).

דער מענש וויא ער איז פערמאגט דריי וועלכע נעהמען אנטהייל אין זיין עקזיסטענץ, דער בעשעפער, און פאטער און מוטער, דעם פאטערס טהייל איז ביינער, אדערען, נעגעל, דער מארך פון קאפ, דיא ווייסעל פון אויג, דיא מוטערס חלק איז דיא הויט, פלייש, דיא האר, דיא שווארצעל פון אויג, און גאט גיט איהם גייסט, נשמה, (נדה ל״א).



# עלטערען פפליכט.

דיא מוטער אזוי גוט וויא דער פאטער מוז לעהרנען און ערציהען איהרע קינדער "שמע בני מוסר אביך ואל תטש תורת אמך (משלי כ"א) ואשר יסרתו אמו (שם ל"א א') דאס הייסט, העֶר זיך גוט צוא וואס דיין מוטער זאגט דיר און, דער קלינ-סטער מענש אויף דער וועלט, שלמה המלך, האט געהאט א גאנץ קלוגע מוטער וועלכע פלעגט איהם לעהרנען וויא צוא געהן אין דער ריכטיגער וועג, און איהר צוא פערדאנקען איז שלמה געוועזן אזוי קלוג און בערימט, דיא גאנצע ערציהונג ליגט אין דער מוטערס האנד, גליקליך איז דער קינד וועל-כער האט א קלוגע און גוטע מוטער, אומגליקליך איז דער קינד וועלכער האט א נארישע מוטער וועלכע האט ניט קיין פערשטאנד וויא צוא ערציהען איהם, אזא קינד איז א אום גליקליכער!



# קינדער טארען ניט וויסען פון קיין פאלשקייט.

מאנכע עלטערען האבען א מיאוסע געוואוהנהייט אב צוא נאר'ען דאס קינד, און זייא פיהלען גאר ניט וויא דער-מיט פערניכטען זייא דיא יונגע אונשולדיגע נשמה'לע פון דאס

קינה, קוים האט איהר עפעס פערשפראכען אייער קינד, זא מוזט איהר זא שנעל וויא מעגליך ערפילען אייער ווארט, דערמיט ווענ איהר צייגען אייער קינד א ביישפיעל וויא מען דארף היטען א ווארט, ווען אבער אייער קינד זעהט וויא איהר אליין טהוט קיין מאל ניט וואס איהר זאגט, זא לערנט איהר אליין איהם אויס וויא צוא זיין פאלש און נידערטרעכטיג (סוכה מ״ו).



# דיא פפליכט פון פערהייראטהען דיא קינדער.

עס ליעגט א פפליכט אויף דעם פאטער צוא פערהייראטהען זיינע קינדער איבער הויפט מוז ער זעהען צוא נעמען א פאסענדען שדוך פיר זיינע טעכטער (ירמיה כ״ט, ו׳) ער מוז זעהען ספענדען נעלט דאס זיין טאכטער זאל ארויס שעהן נעקליידעט, אויך געבען איהר נדן, אום א רעכטער חתן זאל וועלען מיט איהר הייראטען (קדושין ל׳, שו״ע אה״ע סי׳ ע״א). ווען אבער ער איז ארעם און פערמאגט קיין געלט ניט, זא איז ער ניט מחויב פערקויפען וואס ער האט אום דוא טאכטער חתונה מאכען (שו״ת הרא״ש כלל ח׳ סי׳ ד׳).

עס איז ניט ערלויבט ער זאל חתונה מאכען דעם איינגערען זוהן אדער דיא איננערע טאכטער ווען דיא עלטערע האבען נאך ניט חתונה געהאט (שו״ע יו״ד סי׳ רמ״ד).

— ענדע —

תם ונשלם ספרי זה, אבל חסדי ה׳ לא תמנו ולא כלו רחמיו, והנני מחלה את בוראי כשם שזכיתי להתחיל ולגמור ספרי זה כן תעזרני להתחיל ולגמור הספרים המונחים אצלי בכתב יד, ללמוד תורה לשמה, בציון עיר קדשנו בירושלים הקדושה תובב״א.



# אינהאלטס פערצייכניס.